# קאָנסטיטוציאָן

— דער —

# „ארבייטער צייטונג"

## פּובלישינג אַססאָסיאיישען.

געגרינדעט אם יאנואר 1890.






ARBEITER ZEITUNG, 91 DELANCEY ST

# רעגלעמענט

— פון דיא —

„אַרבייטער צייטונג" פּובלישינג אַסאָ־
סיאיישיאָן.

## איינלייטונג:

אונטער דער פירמא „ארבייטער צייטונג פּובּ־
לישינג אַסאָסיאיישיאָן" האָט זיך אין דער שטאָט
ניו־יאָרק, אויף גרונד פון דעם ארויסגעגעבענעם
טשארטער, געגרינדעט א גיזעלשאפט אויף קאָאָפּע־
ראַטיווער פאָרם, מיט דעם צוועק צו פערברייטען דיא
אידעען פון סאָציאַליזמוס און צו קעמפפען פיר דיא
אָבשאפונג פון דיא פערקנעכטונג פון ארבייט דורך'ן
קאַפּיטאַל כויט און דורך דיא פּלאַטפאָרם פון דיא
סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי. דיא ערשטע זאך

וועט דיא גיזעלשאפט פיהרען דאָס געשעפט פון דיא „ארבייטער צייטונג",—וועלכעס איז איהר אייגענ־טהום—לויט דיא סטאטוטען פון דיזען רעגעלמענט.

---

ארטיקעל I

וועגען מיטגליעדער:

§ 1 מיטגליעדער פון דיא אסאָסיאיישיאָן קענען ווערען נור אזעלכע פערזאָנען, וועלכע זיינען מיטגלידער פון דיא סאָציאַליסטישע ארבייטער פאַר־טיי, אָדער בעלאנגען צו א'ן ארבייטער יוניאָן, וועלכע איז אנערקענט פון דיא „ארבייטער צייטונג פובלי־שינג אסאָסיאיישיאָן".

§ 2 יעדער וואָס וויל ווערן א מיטגליעד פון דיא אסאָסיאיישיאָן, מוז ווערן פאָרגעשלאָגען פון א מיט־גליער פון דיא אסאָסיאיישיאָן און אונטערשטיצט פון אנדערע 4 מיטגלידער. דער פאָרשלעגער מוז אָנגעבען דיא אדרעסע, בעשעפטיגונג פון קאנדידאט און צו וועלכע אָרגאניזאציאָן דער קאנדידאט בעלאנגט. דער קאנדידאט מוז 3 מאָל נאָך דיא רייהע אויף 3 פערשי־דענע מיטינגען פאָרגישלאָגען ווערן, און ווען אין

פערלויף פון דיזע 3 מיטינגען קומט קיין פּראָטעסט געגען דיזען קאנדידאט ניט פאָר, ווערט דערזעלבער אויפגענומען אלס מיטגליעד פון דיא פּוב. אסס'ן, ווען איין אבסאָלוטע מאיאָריטעט פון דיא אנוועזענדע מיטגליעדער שטימען דאפיר.

יעדער קאנדידאט ערהאלט ביי זיין אויפגענומען ווערן אלס מיטגליעד א מיטגלידס-קארטע און איין רעגלעמענט-בוך פון דיא אסאָסיאיישיאָן.

§ 3 דיא מיטגלידער פערפליכטען זיך צו פאָלגען דיא פאָרשריפטען פון דיא נעבען-געזעצע און דיא בעשליסע פון דיא אלגעמיינע פערזאמלונג, און צו טאָן אלץ וואָס זיי קענען פיר דיא אינטערעסען פון דער געזעלשאפט. ווען דיא מיטגלידער בייטען זייער וואָהנונג, מוזען זיי דאָס מעלדען צום סעקרעטער פון דער געזעלשאפט. זיי האָבען דאָס רעכט צו זיין ביי אלע פערזאמלונגען פון דער געזעלשאפט און אנטהייל צו נעהמען אין דיא דעבאטען און אבשטימונגען. ביי דיא אבשטימונגען האָבען אלע מעמבערס גלייכעס שטימרעכט.

ביים איינטריט אין דער אסאָסיאיישאָן קען יע-

דער מעמבער קויפען ניט וויינינגער פון 1 שער (אקציע) און ניט מעהר פון 5 שערס. דיעזעלבע מוזען בע־צאָהלט ווערן אין פערלויף פון דיא 3 מיטינגעו, (זעה § 2). דיא שערס קענען ניט איבערגיין אין אייגענטהום פון א'ן אנדער פערזאָן, און דער מעמבער קען נור צוריק גריגען זיין געלד, ווען ער גייט ארויס פון דער גיזעלשאפט—לויט דיא בעשטימונגע פון § 5.

§ 4. אויס מיטגליעד ווערט מען:

א) ווען מען שטארבט.

ב) ווען מען גיט אָב א שריפטליכע ערקלערונג ביים סעקרעטער פון דער גיזעלשאפט אָדער ביים פערוואלטונגסראטה, אז מען וויל פרייוויליג אויס־טרעטען,—וועלכעס מען קען טאָן צו יעדער צייט.

§ 5 איין מיטגליעד קען אויסגעשלאָסען ווערן פון דער אסאָסיאיישאָן:

א) ווען ער (אָדער זיא) האנדעלט געגען דיא אינטערעסען פון דער גיזעלשאפט און פיהרט ניט אויס זיינע (אָדער איהרע) פערפליכטונגען צו איהר.

ב) ווען דאָס געריכט האָט איהם (אָדער זיא) פער'משפט צו א'ן ענטעהרענדע שטראף.

ג) ווען ער (אָדער זיא) הערט אויף צו זיין אַ מיטגליעד פון דער סאָצ. ארב. פּארטיי אָדער פון זיין יוניאָן.

ד) ווען ער (אָדער זיא) ארבייט אין אינטערע־סען פון אנדערע פּאָליטישע פּארטייען.

§ 6 ווען א מיטגליעד ווערט פערקלאגט פאר דער אסאָסיאיישאָן און עס ווערט געפאָדערט ער (אָדער זיא) זאָל אויסגעשלאָסען ווערען, מוז דיא געזעלשאפט אויסוויילען דריי פערזאָן אלס א קאָמי־טע דיא קלאגע צו אונטערזוכען. אין דיא נעכסטע געוואוינליכע פערזאמלונג האָט דאָס קאָמיטע אָבצו-געבען א בעריכט. דער אָנגעקלאַגטער מוז צו דיזע פערזאמלונג איינגעלאַדען ווערן. א מעמבער קען נור אויסגעשלאָסען ווערן, ווען 2 דריטעל פון דיא מעמ־בערס, וועלכע זיינען אנוועזענד ביי דיזע פערזאמלונג, שטימען פיר דיא אויסשליסונג.

§ 7 אין דיא אַלע אויסגירעכענטע פעלכען, אין וועלכע מען ווערט אויס מיטגליעד, האָט דער־זעלבער געוועזענער מיטגליעד, אָדער זיינע יורשים,

שוין קיין שום חלק ניט מעהר אין דער אסאָסיאיי־
שאָן, אויסער דעם נאָמינאל־ווערטה פון דיא שערס
וואָס זיי האָבען געקויפט. דיזער נאָמינאל ווערטה
פון דיא שערס מוז דעם געוועזענעם מיטגליעד אויס־
געצאהלט ווערן אין פערלויף פון 30 טעג נאָך דעם
וויא ער (אָדער זיא) איז געוואָרן אויס מיטגליעד.
דער געוועזענער מיטגליעד מוז אָבער אין דעם פאל
צוריקגעבען זיין מיטגלידס קארטע. טהוט ער דאָס
ניט, מוז דער סעקרעטער פון דיא אסאָסיאיישאָן
איין מאָל בעקאנט מאכען אין דער „ארבייטער ציי־
טונג", אז דיא מיטגלידס־קארטע, וואָס טראָגט
דעם און דעם נאָמען און דיא און דיא נומער, איז
ניט מעהר גילטיג.

ארטיקעל II.

פערזאַמלונג.

§ 8 דיא געוויינליכע פערזאמלונגען פינדען
שטאט מינדעסטען איין מאָל אין מאָנאט. דיא גי־
שעפטען, וואָס זאָלען בעהאנדעלט ווערן אין דער
פערזאמלונג, מוזען אין דער איינלאדונג פעסטגע־
שטעלט ווערן אלס טאגעס־אָרדנונג, דאָך האָט יע־

דע פערזאמלונג דאס רעכט איבערצושטעלען דעם סדר פון דיא פונקטען וואס שטייען אויף דער טאַגעס אָרדנונג. ווען דיא גישעפטען פון דיא טאגעס־אָרדנונג קענען אין איין אבענד ניט אָבגעפערטיגט ווערען, מוז דיא פאָרטזעצונג פון דיא אלגעמיינע פערזאמלונג זיין אין דיא צווייטע וואָך.

§ 9. דיא פערזאמלונגען ווערן איינבערופען דורך דעם סעקרעטער פון דיא אסאָסיאיישאָן. אויסער־געוויינליכע פערזאמלונגען ווערען בערופען, ווען דער פערוואלטונגס ראטה געפינט דאס פיר נייטיג, אדער ווען צעהען מיטגליעדער שטעלען דעם פערוואלטונגס ראטה דעם פאָרשלאַג איינצובערופען א׳ן אויסער־געוועהנליכע פערזאמלונג.

ווען דער פערוואלטונגס־ראטה וויל דיא פער־זאמלונג ניט איינרופען, קענען דריי מיטגלידער פון דיא פאָרשלעגער בערופען דיא פערזאמלונג מיט זייערע אייגענע אונטערשריפטען. דיא איינבערופונג האט א גיזעצליכע גילטיגקייט, ווען א נאָטיץ וועגען דעם איז גיוועזן געדרוקט אין דיא „ארבייטער צייטונג“.

§ 10. יעדע פערזאמלונג איז פעהיג אנצונעה־

מען בעשליסע, וועלכע האָבען געזעצליכע גילטיג־
קייט, אזוי לאַנג ביי דיזער פערזאמלונג זיינען וויי־
ניגסטענס דאָ עלף מיטגליעדער פון דער גיזעל־
שאַפט. דיא פערהאנדלונגען דארפען זיך אָנהויבען
ניט פריהער וויא 8 אוהר אבענדס. דיא פערזאמלונג
ווערט ערעפנעט פון דעם סעקרעטער פון דער גיזעל־
שאַפט אָדער פון אַ מיטגליעד פון פערוואלטונגס־
ראַטה, און באלד פינדעט שטאַט דיא וואהל פון אַ
פּאָרזיצענדען. ווען מעהרערע מעמבערס ווערן נאָ־
מינירט פאַר פּאָרזיצענדע, ווערט דער יעניגער בע־
טראַכט אלס ערוויילט, ווער עס האָט דיא גרעס־
טע צאָהל שטימען. דער פּאָרזיצענדער לאָזט דאַן
וויילען אַ צווייטען פּאָרזיצענדען, און זייביידע מיט
דעם סעקרעטער בילדען דיא ביוראָ פון דיא פער־
זאמלונג.

§ 11. אלע בעשליסע פון דער פערזאמלונג,
ווען דיזע ווערט איינבערופען און געפיהרט נאָך דיא
אויבען דערמאָנטע בעשטימונגען, זיינען גיזעצליך
גילטיג, וויבאלד דיזע בעשליסע ווערן אָנגענומען מיט
אַ'ן אבסאָלוטע מאַיאָריטעט פון דיא אנוועזענדע

מיטגלידער, מיט אויסנאהמע פון אזעלכע בעשליסע, וועלכע זיינען אין ווידערשפרוך מיט דיא פארשריפ־טען פון דיזען רעגעלמענט. צו אויספיהרונג פון דיא וואהל קלייבט דער פארזיצענדער אויס א קאמיטע פון 4 מיטגליעדער. אין פאל, ווען מען ווייס וועלכע מעמבערס עס זיינען פון דיא מאיאריטעט און וועלכע פון די מינאריטעט, זאל דער פארזיצענדער אויסקלייבען פיר דעם וואהל־קאמיטע צוויי פון דיא מאיאריטעט און צוויי פון דיא מינאריטעט. ווען קיין קאנדידאט, האט ניט געקראגען קיין אבזאלוטע מאיאריטעט, מוז זיין א שטיך־וואהל צווישען דיא צוויי קאנדידאטען, וועלכע האבען געהאט דיא גרעסטע צאהל שטימען, און דער פון דיא צוויי ווערט בעטראכט אלס ערוויילט, וועלכער קריעגט דיא גרעסטע צאהל שטימען. ווען דיא שטימען צושיידען זיך גלייך, ענטשיידעט דער פארזיצענדער.

## ארטיקעל III
## סעקרעטער.

§ 12. אין דיא רעגעלמעסיגע גענעראל פער־זאמלונג פון יאנואר קלייבט דיא געזעלשאפט אויס א

סעקרעטער, וועלכער האָט צו האַלטען אָרדנונג אין דיא אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דער געזעל־שאַפט. דער סעקרעטער האָט ביי דיא פערזאמ־לונגען צו פיהרען א פּראָטאָקאָל, אין וועלכען וויי־ניגסטענס אַלע בעשליסע מוזען איינגעשריבען ווערן. אויך האָט ער צו פיהרען דיא מיטגלידער־ליסטע; ער דארף אויך שרייבען אַלע קאָרעספּאָנדענצען פון דיא אסאָסיאיישאָן וויא אויך פעררופען דיא מיטינגען.

דער סעקרעטער קען צו יעדער צייט אָבגע־שאַפט ווערן, ווען 7 מיטגלידער ברייגגען אריין א קלאַגע אויף איהם. דיא קלאַגע מוז קומען 2 וואָ־כען בעפאָר זיא קען פערהאנדעלט ווערן.

## פערוואַלטונגס־ראַטה.

§ 13. דיא פיהרונג פון דעם געשעפט ווערט בעזאָרגט דורך א פערוואלטונגס־ראטה, וועלכער בע־שטייט פון דעם פרעזידענט, שאצמייסטער, 3 טראָ־סטיעס און 4 מיטגליעדער פון דער אסאָסיאיישען, וואָס ווערן אויסגעוויילט ביי דער גענעראל פערזאמ־לונג.

דער פערוואלטונגס־ראטה ווערט געוויילט יע־
דעס האלבע יאהר ביי דער גענעראל פערזאמלונג.

דער פרעזידענט און דער שאץ־מייסטער ווערן
געוויילט יעדער אין א בעזאנדערן וואהלגאנג. דיא
איבעריגע מיטגלידער פון פערוואלטונגס ראטה ווערן
נאמינירט אלע צוזאמען, און דיא וואס האבען דיא
אבסאלוטע מאיאריטעט, זיינען געוויילט. ווען מעהר
מיטגליעדער וויא עס איז נייטיג האבען דיא אבסא־
לוטע מאיאריטעט, פאלען אוועק דיא, וואס האבען
דיא קלענסטע צאל שטימען, און דיא איבריגע זיינען
געוויילט.

קיין בעצאהלטער בעאמטער פון דיא פובלי־
שינג אסאסיאיישאן קען ניט ווערן געוויילט אין פער־
וואלטונגס־ראטה.

ווען איינער פון דיא מיטגליעדער פון פער־
וואלטונגס־ראטה געהט ארויס, מוז באלד א׳ן אנ־
דערער געוויילט ווערן אויף זיין ארט. דער פרעזי־
דענט, דער קאסירער, וויא אויך יעדער איינ־
ציגער מיטגליעד פון פערוואלטונגס־ראטה קענען צו
יעדער צייט אבגעזעצט ווערן דורך א מאיאריטעטס־

בעשלוס פון דיא פערזאמלונג. א פאָרשלאג אָב־
צוזעצען איינעם פון דיזע בעאַמטע מוז צו דער
רעכטער צייט דערלאנגט און געשטעלט ווערן
אויף דער טאגעס־אָרדנונג פון דער פערזאמלונג,
אויף וועלכען דיזער פאָרשלאג דארף פאָרקומען צום
אבשטימען, אז ניט איז דאָס ניט גילטיג.

§ 14. דער פערוואלטונגס־ראטה ווילט אויס
א סעקרעטער פון זיינע מיטגלידער. דיזער סעקרע־
טער רופט צוזאמען פערזאמלונגען פון דעם פערוואל־
טונגס־ראטה, עפענט אויף דיזע פערזאמלונגען און
פיהרט דעם פראָטאָקאָל, אין וועלכען עס מו־
זען זיין איינגעשריבען וויכטיגסטענס אלע אָנגענומענע
בעשליסע. דער סעקרעטער האָט אויך צו בעזאָרגען
אז עס זאָלען אויסגעפיהרט ווערן אלע אָנגענומענע
בעשליסע, וועלכע זיינען ניט איבערגעגעבען גע־
וואָרן צו אנדערע מיטגלידער צום אויספיהרען;
ער האָט אויך צו פיהרען דיא קאָרעספאָנדענץ און
צו בעזאָרגען דיא נייטיגע שרייב־ארבייט.

§ 15. דער פערוואלטונגס־ראטה האָט דאָס
רעכט פראָוויזאָריש צו סוספענדירען און אָנצושטע־

לען אלע בעאמטע (דער הויפט רעדאקטאָר אריינ־
גערעכענט) פון דער אסאָסיאיישאָן ביז צו דיא פער־
זאמלונג פון פּובלישינג אסאָסיאיישאָן, וועלכע בע־
שטימט וויא עס זאָל בּלייבען. זיי בעשטימען אויף
דיא געהאלטער פון דיא אנגעשטעלטע.

דער פערוואלטונגסראטה איז פערפליכטעט דיא
קאססען און בוכפיהרונג אונטער א ספּעציעלע קאָנ־
טראָלע אונטערצואווארפען און דער שאָץ־מייסטער
און בוכפיהרער מוזען פאָלגען דיא בעפעהלע פון דעם
פערוואלטונגס־ראטה. אָהן בעוויליגונג פון דעם פער־
וואלטונגס־ראטה טאָרען קיין שום אויסגאבען ניט
געמאכט ווערן. דער פערוואלטונגס־ראטה האָט
דאָס רעכט צו געבען זיינעם א מיטגליעד אָדער א'ן
אנדערן מיטגליעד פון דער אסאָסיאיישאָן דעם אויפ־
טראג צו מאכען א ספּעציעלע קאָנטראָלע פון דיא
בּיכער און פון דיא קאסע און דעם קאָנטראָלער פיר
זיין מיהע א פּאסענדע בעלוינונג צו געבען.

§ 16. יעדער מיטגליעד פון פערוואלטונגס־
ראטה האָט דאָס רעכט דורכצוזעהען אלע בּיכער
און קאָרעספּאָנדענצען, אום זיך צו ערקונדיגען וואָס

עס טוט זיך אין געשעפט ; אויסער דעם קען דער פערוואלטונגס־ראטה אויסקלייבען פון צווישען זיך קאמיטעס און דעפוטאציאנען פון איינעם אדער מעה־רערע מיטגלידער, מיט דעם אויפטראג אויסצופיהרען איינצעלנע בעשליסע אדער אויפטרעגע.

§ 17. דיא פערוואלטונגס־ראטה זיצונגען ווערן אין דער רעגעל צוזאמענגערופען דורך א'ן אנקינדי־גונג אין דער „ארב. צייט.", זיי קענען אבער אויך איינבערופען ווערן דורך יעדען מיטגליעד פון פער־וואלטונגס ראטה, אדער יעדער מיטגליעד קען בע־אויפטראגען דעם סעקרעטער א פערזאמלונג פון דעם ראטה צו בערופען. אלע 14 טעג מוז וויניגסטענס איין זיצונג שטאטפינדען. אין יעדע נומ. „ארב. צייט." מוז אנגיגעבען ווערן א'ן אדרעסע, דורך וועלכע מען קען צושיקען צום פערוואלטונגס־ראטה א קלאגע אויף דער רעדאקציאן אדער אויף דער גישעפטספיה־רונג. צו דיא רעגעלמעסיגע גענעראל פערזאמלונגען מוז דער פערוואלטונגס־ראטה צושטעלען א גענויען בעריכט, אין וועלכען עס זאל זיין פערצייכענט אלע באאר איננאמען און אויסגאבען און אין וועלכען מען

זאָל קענען זעהען א באַלאַנץ פון פערדיענסט אָדער פערלוסט.

## פּרעזידענט.

§ 18. דער פּרעזידענט איז דער פאָרשטייער פון דער אסאָסיאיישאָן אין די אנגילעגענהייטען וואָס דיא גיזעלשאַפט האָט מיט אנדערע אָרגאַניזאציאָנען, מיט גערִיכטען אָדער אויך מיט פּערזאָנען. ער קען אויך געבען אנדערע פּערזאָנען דיא פאָלמאַכט, צו פערטרעטען דיא גיזעלשאַפט פאר געריכטען אָדער בעהערדען, און ער קען דאַן דיא בעפאָלמעכטיגונג שריפטליך אויסשטעלען. צו פערפּפליכטונג פון דער גיזעלשאַפט געגענאיבער דריטע פּערזאָנען איז דיא אונטערשריפט פון דעם פּרעזידענט מיט דיא אונטערשריפט פון דעם שאַץ־מייסטער געניגענד און פערפּפליכטענד פיר דיא אסאָסיאיישאָן. דער פּרעזידענט מוז זאָפאָרט אויספיהרען דיא בעשליסע פון דעם פערוואַלטונגס־ראַטה,—דיא בעשליסע נעמליך, וועלכע ער קריעגט דעם בעפעהל אויסצופיהרען. ווייטער האָט דער פּרעזידענט קיין פאָררעכט ניט אין פערוואַלטונגס־ראַטה.

## שאַטץ־מייסטער,

§ 19. דער שאַטץ־מייסטער מוז אריינלייגען ביי דעם סעקרעטער פון דער אַסאָסיאיישאָן א בירגשאפט פון טויזענד דאָלאר און דער פערוואלטונגס־ראטה האָט צו בעשטימען אויב דיא בירגשאפט איז א זיכערע. דער שאַץ־מייסטער האָט צו איבערוואכען דיא באארע איננאהמען און אויסגאבען פין דער קאססע, און מוז בעזאָנדערס דערויף אכטונג געבען, אז דער קאסירער זאל קיין מאָל ניט האָבען אין דער קאססע מעהר וויא אזא סומע, פיר וועלכע ער האָט גישטעלט בירגערשאפט. דיא געלדער וואָס איבערשטייגען דיזע סומע האָט דער שאַץ־מייסטער צו־צונעהמען אונטער זיין אָבּאכט.

### א ר ט י ק ע ל IV.

## בעאַמטע.

§ 20. הויפט־רעדאקטאָר.

דער הויפט־רעדאקטאָר וועדט געוויילט ביי דער גענעראל־פערזאמלונג, דורך שטימצעטעל און דורך א׳ן אבזאָלוטע מאיאָריטעט, און דיא צייט, אויף

וויא לאנג ער ווערט אנגישטעלט, ווערט אויך בע־
שטימט דורך דיא גיזנעראל־פערזאמלונג.

דער הויפט־רעדאקטאָר ווערט אלע מאָל אין
דער יאנואר פערזאמלונג געוויילט אויף העכ־
סטענס איין יאָהר. ער האָט דיסציפּלינארישע
געוואלט איבער דיא בעאמטע פון דער גיזעלשאפט
וואָס זיינען אָנגישטעלט אין דער רעדאקציאָן. ער
האָט זייער ארבייט צו פערטיילען און צו איבערוואַ־
כען. ער איז בעזאָנדערס דאפיר פעראנטוואָרטליך,
אז דיא טענדעץ פון דער צייטונג זאָל געפיהרט ווערן
אין דעם זין וואָס איז בעשריבען אין דער איינליי־
טונג פון דיזען רעגלעמענט, און דאָס זיא זאָל פער־
טרעטען דיא פּלאטפאָרם פון דיא סאָציאליסטישע
ארבייטער פּארטיי. דער הויפט רעדאקטאָר האָט
דאָס רעכט אָבצושאפען רעדאקציאָנס בעאמטע, ווען
זיי פאָלגען ניט וואָס ער הייסט, אָבער אין דעם
פאַל מוז ער דיא אנגעלעגענהייט זאָפאָרט פארברייג־
גען פאַר דעם פערוואלטונגס־ראטה. ער קען אויך
אליין אָננעהמען מיטהעלפער אין דעם פאַל, ווען

אָהן דעם קען אַרויסגעקומען שטערונגען אין דער רעדאַקציאָן; ער מוז אָבער דעם פערוואַלטונגס־ראַטה זאָפאָרט דאָס מיטטהיילען, און דיזער מוז ערסט בעשטעטיגען דיא איינשטעלונג אָדער אָבשאַפונג פון דיא מיטהעלפער.

### געשעפטספיהרער (מענעדזשער).

§ 21. דער געשעפטס־פיהרער ווערט אַנגעשטעלט דורך דעם פּובלישינג אַססאָסיאיישאָן, און ער האָט דיא גאַנצע געשעפטליכע אונטערנעהמונג צו פיהרען, צו זיכערן און צו איבערוואַכען. ער איז פעראַנט־וואָרטליך פיר דיא פּינקטליכע און ריכטיגע בוכפיה־רונג און ער האָט צו בעזאָרגען דיא אַבשליסונג און פערפאַסונג פון די בּילאַנצען. די אַדוועדטייזמענטס שטייען אונטער זיין ספּעציעלע פיהרונג, און ער האָט דערויף אַכטונג צו געבען, אַז עס זאָלען ניט אַריינ־גענומען ווערען קיין אונמאָראַלישע אַדוועדטייז־מענטס אָדער אַזעלכע וואָס קענען זיין שעדליך פיר דעם פּובליקום. ווען עס איז איהם אין אַזאַ זאַך אַ צווייפעל, מוז ער דאָס פאָרלייגען פאַר דעם פער־וואַלטונגס־ראַטה. בעאַמטע אויסערהאַלב דער רע־

דאקציאָן שטייען אונטער זיין בעפעהל. ער איז דאפיר פעראנטוואָרטליך, אַז דיא בעשליסע פון פערוואַלטונגס־ראטה וועלכע געהערן צו איהם אויס־צופיהרען און ווערן איהם שריפטליך מיטגעטיילט, זאָלען ריכטיג אויסגעפיהרט ווערן. דער גישעפטס־פיהרער האָט איינצולייגען ביי דעם שאַץ־מייכטער אַ קאָציאָן פון 500 דאָל. און דער פערוואַלטונגס־ראטה האָט צו בעשטימען איוב דיא גינעבענע קאָציאָן איז אַ זיכערע.

## ארטיקעל V.

### פינאַנצען.

§ 22. דאָס קאַפּיטאַל וואָס איז איינגעצאָהלט געוואָרען פון דיא מיטגליעדער פון דיא פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן איז אריינגעלייגט אין דיא זאַכען וואָס געפינען זיך אין געשעפט. יעדעס מיטגליעד פון דער אַסאָסיאיישאָן האָט אַ גלייכען חלק אין דעם ווערטה פון דיא אַלע זאַכען; זיין חלק קען אָבער ניט איבערגיין צו אַ'ן אַנדערע פּערזאָן און ער קען נור האָבען אַ דעה דערויף נאָך דיא בע־שטיממונגען פון דיזען רעגלעמענט. דער פער־

וואלטונגסראטה איז פערפּפליכטעט אכטונג צו געבען, אז דיא אויסגאבען פון געשעפט זאָלען ניט איבערשטייגען דיא איינקינפטע, און דעריבער מוזען זיי דיא אויסגאַבען פערקלענערען, ווען דיא איינ־קינפטע פאָרדערן דאָס. ווען עס איז נייטיג צו מאכען מעהר אויסגאַבען צור ערהאלטונג פון גע־שעפט, מוז דער פערוואלטונגס־ראטה בעצייטענס מעלדען וועגען דעם דער גענעראל פערזאמלונג און מאכען פאָרשלעגע וויא צו שאפען דיא מעהר־אויס־גאבען.

§ 23. נאך אָבלויף פון פינאנץ־יאהר, דאָס הייסט אים יאנואר פון יעדען יאהר, האָט דער פערוואלטונגס־ראטה צו מעלדען דער פערזאמלונג אלע איינצעלהייטען וועגען דעם אָבשלוס פון דעם געשעפט.

§ 24. ניין צעהנטעל פון דעם יעהרליכען ריוח פון׳ם געשעפט זאָלען פערווענדעט ווערען צו ביל־דען א רעזערווע פאָנד.

איין צעהנטעל זאָל אין יולי פון יעדען יאהר אויסגעטיילט ווערען אויף גלייכע הלקים צו דיא

מיטגליעדער, ווײבאלד דיא גענעראל־פערזאמלונג פון יולי בעשליסט ניט אנדערס.

§ 25. א רעזערווע־פאָנד ווערט געבילדעט, אחוץ פון דעם ריוח פון געשעפט, ווען עס איז דאַ אזעלכער (§ 24), אויך פון פערקויף פון שערס צו מיטגליעדער און דורך פרייווילליגע בייטרעגע פין מיטגליעדער און פון אנדערע פערזאָנען.

דער רעזערווע פאָנד מעג נור פערוועגדעט ווע־רען נאָך דיא בעשליסע פון דיא גענעראל־פערזאמ־לונג און נור אויף פאָלגענדע זאכען:

1. צו פערבעסערונג און פערגרעסערונג פון דעם געשעפט.

2. צו אָבצאהלונג פון קאנטראַהירענדע חובות.

3. צו איינלעזונג פון שערס.

4. צו ווייטערע ארויסגאבע פון סאָציאליסטישע ליטעראטור.

5 צו בעזאָרגונג פון דעם צוועק פון דיא אסאָסיאיישאָן.

## ארטיקעל VI.

## שלום בעשטיממונגען.

§ 26. דער אָרגאַן פון דיא אַסאָסיאיישאָן איז דיא „ארבייטער צייטונג“, אין וועלכע אלע בע־קאַנטמאַכונגען מוזען געדרוקט ווערען. אבענדע־רונגען פון דיא סטאַטוטען קענען נור בעשלאָסען ווערען אייף אויסערגעוויינליכע גענעראל־פערזאמ־לונגען, וועלכע ווערען בערופען אויסדריקליך צו דעם צוועק און ווערען 3 מאָל בעקאַנט געמאַכט אין דיא צייטונג. ביי אַזעלכע גענעראַל־פערזאַמ־לונגען מוזען אַנוועזענד זיין וויינינגסטענס א דריט־טעל פון אַלע מיטגליעדער און ווייניגסטענס צוויי דריטטעל פון דיא אַנוועזענדע מוזען שטיממען פיר דיא פאָרגענומענע אָבענדערונגען. דיא איינציגע אויסנאהמע דערפון מאַכען דיא §§ 24 און 25 (וועגען אויסגאַבען פון דעם ריוח און פון רעזערווע פאָנד). דיזע פאַראַגראַפען קענען ניט געענדערט ווערען אזוי לאַנג עס געפינען זיך נאָך 5 אַנוועזענדע מיטגליעדער וואָס שטיממען, אַז זיי זאָלען בלייבען וויא זיי זיינען.

## שלום פון דיא סטאַטוטען.

ערקלערונג צו §§ 24 און 25. —

וויא מען קען זעהען אויס דיזע פאראגראפען מוזען גיין צעהנטעל פון דעם ריוח אויסגענעבען ווערען פיר דיא צייטונג אָדער פיר ווייטערע אגיטאציאָן. צו בעשטיממען אין דיא סטאטוטען, אז דאס איבריגע צעהנטעל זאָל אויך צו דיזע צוועקען אויס־גענעבען ווערען, ערלויבט דאָס געזעץ פון לאנד ניט. דיא גענעראל־פערזאממלונג מעג אבער בע־שטיממען, אז דאָס איבריגע צעהנטעל זאָל אויך אויסגענעבען ווערען פיר דיא צייטונג און פיר דיא אגיטאציאָן, און אזוי טוט מען געוויינליך אין אלע אזעלכע פרינציפיעלע אונטערנעהמונגען.